אָנהויב ווען עסנע נאָך אזא לאַנגען, שטאַרקען ווינטער-שלאָף, קוים קוקען אַרוים פון דער ערד יונגע גרעזעלעך, קוים פוקען זיך די בוימער, נאָך נאַקעט, אָהן אַ מלבוש פון גרינע בלעטער — קלינגט שוין דאָס לעבענס-ליעד אין דער גאַנצער וועלט! אַט דאָס ליעד האָבען געזונגען היינט לעבע־דיג, פרעהליך די פייגעלעך צווישען צווייגען; זשאַבעס אין קאַליוזשעס, טייכען; פליגען, בינען ביים אַרויסקריכען פון לעכער, שפּאַלטען. די זון איז היינט אַרוים פון איהר פוטער-פּאַס פרעהליך, אָנקוקענדיג די ערד מיט איהר ליכטיג פנים, זי געקושט ליעבליך, וואַרעם, ווי אַחתן אַ כלה — האָט זי, די ערד, זיך גאָר מחיה געווען, זיך גענומען אָפּרייניגען פונ'ם גאַנצען שמוץ, פון די אַלטע פערפוילטע געוועקס איהרע און צוגרייטען זיך נייע, גוטע, שעהנע זאַכען צו דער חתונה איהרער למזל-טוב. אָבענד האָט זי זיך אייגגעהילט אין אַ טונקעלען דעקטוך מיט העלע זילבערנע פליטערלעך פונ'ם שיין פון דער לבנה און איינגעדרימעלט מיט זיסע גוטע האָפנונגען אויף מאָרגענ־דיגען טאָג.

ווען עסנע אין אַ גוטע מזל'דיגע שעה!

זרחי הויבט זיך אויף פונ'ם אָרט און קלייבט זיך געהן צו זיך אין איינפאָהרהויז.

— צו מיר מאָרגען אויף וועטשערע — בעט כרפס דעם חבר זיינעם, געזעגענדיג איהם די האַנד.

— „אויף וועטשערע" זאָגסט דו, און ניט צום סדר?!

— יאָ, ליעבער זרחי, טאַקע אַזוי, און עס טהוט מיר זעהר באַנק וואָס איז אַזוי. פונ'ם גאַנצען האַרצען וויל איך מאַכען אַ סדר צוליעב מיר און מיינע קינדער, וואָרום קיין זאַך פאַרזיסט ניט אַזוי דאָס הויזליכע לעבען, זעצט ניט אַריין אַזוי פעסט דאָס יודישקייט אין די קינדערשע הערצער ווי די ימים-טובים. נאָר וואָס זאָל איך טהאָן אז דאָס הויז — דאָס איז דאָס ווייב, און דאָס ווייב מיינס, דו קענסט דאָך זי, איז ניט פון יענע ווייבער, וואָס לייענען תחינות, זי האַלט עפּעס ניט פונ'ם יודישקייט.

— נאָר ניט געזאָרגט, כרפס מיינער! נאָך היינט געה איך צו דיין ווייב און גיב איהר אַ שטונדע אין יודישקייט. מעגסט זיך, נישקשה, אויף מיר פאַרלאָזען, אז איך וועל זי יודישען, און מיר וועלען אם-ירצה-השם עסען מצה, מרור און חרוסת, פיש, קניידלעך און אַלע יודישע מאכלים. צו דיר ליעבער כרפס, מאָרגען צום סדר בעט איך דיך, צו דיר אין הויז.

* *

*

און אַ סדר האָט מען אָפּגעריכט בײַ כּרפּס׳ן אין הויז זעהר אַ שעהנעם, אַ כּשר׳ן טאַקי ווי זרחי האָט געזאָגט. דער טיש איז געווען געגרייט מיט אַלע צערעמאָניעס ווי געהעריג. כּרפּס דער מלך איז געזעסען אויף דער עסבעט גאַנץ געהויבען, דאָס ווייב, די מלכּה איהם צו דער רעכטער זייט. זרחי ווי אַ משנה־למלך — צו דער לינקער זייט, און אין שטוב איז געווען ליכטיג, פרעהליך, דאָס קליינוואַרג וואונדערט זיך, איינס דעם אַנדערען פרעגען: מה נשתנה, פאַר וואָס איז די נאַכט געוואָרען עפּעס פערענדערט פון אַלע אַנדערע נעכט? ווינשענדיג זיך — הלואי תמיד זאָל זיין אַזוי. און די גרויסע זאָגען די הגדה ווי מען איז דערלעזט געוואָרען פונ׳ם גלות־מצרים, ווינשענדיג זיך, הלואי, רבונו של עולם, דערלעזט צו ווערען פונ׳ם היינטיגען גלות — און לשנה הבאה בירושלים.

